# BIBLIOGRAFYE FUN DI YIDISHE OYSGABES IN DER BRITISHER ZONE FUN DAYTSHLAND 1945-1950

B. Kosowski

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

ב. קאָסאָווסקי

# ביבליאגראפיע

ון די יידישע אויסגאבעס אין דער בריטישער זאנע פון דייטשלאנד

1950 — 1945



1950 ,בערגן־בעלזן

ב. קאָסאָווסקי

# ביבליאָגראַפיע

## פון די יידישע אויסגאַבעס אין דער בריטישער זאָנע פון דייטשלאַנד

## 1950 — 1945



אַרויסגעגעבן דורכן קולטור־אַמט ביים צענטראַל־קאָמיטעט
פון די באַפרייטע יידן אין דער בריטישער זאָנע

סיון תשי׳ — בערגן־בעלזן — מאי 1950

אַ האַרציקן דאַנק מיין פריינט ד״ר מ. לובלינער
— מיט וועמענס מיינונגען איך האָב מיר גע־
רעכנט ביים צוזאַמענשטעלן די דאָזיקע אַרבעט.
— דער מחבר



די הילע — אויסגעפירט דורכן מחבר. געזעצט
אין פאַרלאַג „אונדזער שטימע” — בערגן־בעלזן.

# אינהאַלט:

* * *

די פאָרליגנדיקע „ביבליאָגראַפיע פון די יידישע אויסגאַבעס אין דער בריטישער זאָנע" איז ווידער אַמאָל אַ לעבעדיקער דאָקומענט פון דער שפּראָצנדיקער וויטאַליטעט און קולטורעל-גייסטיקן אויפשטייג פון דער שארית הפליטה.

צוזאַמען מיט די אָפּגעמעקטע גרויסע יידישע ישובים און קולטור-צענטערן זיינען אין די פלאַמען פון היטלעריסטישן שייטערהויפן אַוועק מיטן רויך אויך מיליאָנען יידישע ספרים; פון גרויסע באַקאַנטע יידישע ביבליאָטעקן, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט ווערטפולע אוצרות איז געוואָרן אַש. אָבער — ווי אין אונדזער אַלטער געשיכטע — איז אויך דאָסמאָל פאַרברענט געוואָרן בלויז דער פּאַרמעט; די יידישע אותיות האָבן ווייטער געשוועבט אין דער לופט... און, כאַראַקטעריסטיש, באַלד נאָכן בלוטיקן קאָשמאַר האָבן זיך גלייך געפונען יידן, וועלכע האָבן געזוכט פאַר אָט די נאַקעטע אותיות אַ לבוש און אַ תקון. — — —

די אומבאַשרייבלעכע ליידן אין די לאַגערן, די טויט-ראַנגלענישן אין דער לאַנגער צייט פון דער היטלעריסטישער אונטערדריקונג, האָבן נישט פּאַראַליזירט דעם שאַפונגס-דראַנג ביי די יידן; נאָך פאַרשמאַכטע און אויסגעשעפּטע, צעבראָכענע און אויסגעהונגערטע, האָבן זיי שוין געזוכט אַ טרייסט אין לעבעדיקן און אין געדרוקטן וואָרט. יעדער אין זיין געביט, אויף זיין אַרט און שטייגער, האָט געשאַפן און געשריבן, און דערפון איז אַרויסגעקומען אַ קאַלירפול בילד פון עמאַנציפּירטער גייסטיקער אַקטיוויטעט.

אַזוי ווי ביים פונאַנדערטיילן די מאַטעריעלע הילף, ווו דער כלל פון „אין בודקין למזונות" איז געווען ביי אונדז תמיד אַ דאָמינירנדיקער, האָבן מיר אויך ביי יעדער קולטורעלער אונטערנעמונג, ביי יעדער שרייבערישער איניציאַטיוו, קיינמאָל נישט געפאָדערט ביי אַ מחבר אָדער אַ שרייבער — סמיכה אָדער אַן אַטעסטאַט; מיר האָבן נישט באַשטימט קיין זשורים און עקזאַמינירן-קאָמיסיעס, נאָר אונטערשטיצט און געהאָלפן יעדן פען-מענטש, וואָס האָט זיך נאָר צו אונדז געווענדעט, איבערלאָזנדיק אים גופא די אחריות פאַר דעם חיבור, און אַזוי אַרום סטימולירט דעם שאַפונגס-כוח, וואָס האָט געדרימלט ביי אַ טייל מענטשן פון פאַרשיידענע ריכטונגען און שאַטירונגען.

דער פּרינציפּ פון איבערפּאַרטייאישקייט, וואָס באַגלייט די אַרבעט פון אונד־זער צ. ק. פון ערשטן מאָמענט אָן ביזן היינטיקן טאָג, איז אויך דאָ אין דער פולסטער מאָס אָפּגעהיטן געוואָרן; דעריבער קאָן מען אין דער דאָזיקער בראָ־שור באַגעגענען אָן הלכה־שן ספר נעבן אַ וועלטלעך בוך, אַ באַנד לידער — נעבן אַ פּאַרטייאישער אויסגאַבע אָדער צייטשריפט, וואָס איז אַ געטרייער בת־קול פון די שטימונגען און טענדענצן פון דעם גאַנצן יידישן קיבוץ אין דער בריטישער זאָנע.

מיט א באַזונדערער באַפרידיקונג נאָטירן מיר דעם פאַקט, דאָס גראָד אין אונדזער זאָנע, מיט דער פאַרהעלטניסמעסיק קליינער צאָל יידן, האָט מען צום ערשטן מאָל נאָך דער היטלעריסטישער אויסראָטונגס־מלחמה אָנגעפאַנגען מיט אַ יידישער צייטונג. — „אונדזער שטימע" איז געווען דער ערשטער אָרגאַן פון שארית־הפליטה־יידן, און אירע מיטאַרבעטער זיינען געווען די פּיאָנערן פון יידיש־זשורנאַליסטישער אַרבעט אין דעם נאָך־מלחמה׳דיקן דייטשלאַנד, אָן אַר־בעט, וואָס האָט ערשט געגעבן דעם שטויסקראַפט צו שאַפן אַ גאַנצע ריי יידי־שע צייטונגען און זשורנאַלן און בכלל אָנגערעגט צו באַנייען די דערהויבענע טראַדיציע פון געדרוקטן יידישן וואָרט.

אונדזער עקזעקוטיוו־מיטגליד און מיטאַרבעטער פון „וואָכנבלאַט" ח׳ ב. קאָסאָווסקי האָט אַ וויכטיקע אַרבעט געלייסטעט, צוזאַמענשטעלנדיק די דאָזיקע רשימה, וואָס וועט אין דער איצטיקער אָפּשלוס־תקופה פון בעלזן דערגענצן דעם אַלגעמיינעם טעטיקייטס־בילאַנס מיט נאָך אַ רייכן ציפער. פאַר זיין מי און אָנשטרענגונג ביים צונויפזאַמלען די אין דער גאַנצער זאָנע צעשפּרייטע מאַטעריאַלן; פאַר זיינע אָביעקטיווע און קריטישע אָפּשאַצונגען פון אַלע אָן אויסנאַם אויסגאַבן — פאַרדינט ער אונדזער אָנערקענונג.

**יוסף ראָזנזאַפט**

פאָרזיצער פון צ. ק. פון די באַפרייטע יידן
אין דער בריטישער זאָנע

# פאָרוואָרט

עס זיינען שוין ביז איצט דערשינען פאַרשיידענע אַרבעטן און ביבליאָגראַפישע רשימות איבער די שאַפונגען און דעם געדרוקטן יידישן וואָרט פון דער שארית הפליטה *), אָבער אין זיי איז דערמאָנט נאָר אַ קליינער טייל פון די יידישע אויסגאַבעס אין דער בריטישער זאָנע, און דאָס אויך כלאחר יד, וואָס גיט נישט קיין בפרטות'דיקע אָפּשפּיגלונג פון אונדזערע דערגרייכונגען אויפן דאָזיקן געביט, און קאָן ממילא נישט דינען אַלס קאָמפּלעטער און אָביעקטיווער רעגיסטער פון די ביי אונדז דערשינענע אויסגאַבעס.

אין דער דאָזיקער רשימה ווילן מיר פאַרצייכענענען און אויספירלעכער באַשרייבן די קרוב 60 אויסגאַבעס, — ביכער, ספרים, ציטונגען, זשורנאַלן, בראָשורן א. א. וו., וועלכע זיינען דערשינען אין דער בריטישער זאָנע פון זייט דער באַפרייונג ביזן היינטיקן טאָג, בכדי צו געבן אַ קלאָר בילד פון אַלע שאַפונגען פון דעם שארית־החורבן אין אונדזער זאָנע, וואָס וועט גלייכצייטיק דינען אַלס מקור פאַר צוקונפטיקע שרייבער און פאָרשער, ביים באַאַרבעטן די געשיכטע פון דעם ניי־אויפגעלעבטן יידישן וואָרט אין דייטשלאַנד.

די אַלע אויסגאַבעס ברענגען מיר כראָנאָלאָגיש לויט דער דאַטע פון זייער דערשיינען, מיט קליינע ענדערונגען דאָרט, וווּ די טעכנישע זייט האָט נישט דערלויבט. מיר האָבן זיך אויך באַמיט צו געבן די קלישעס פון דער הילע אָדער שער־בלאַט פון יעדער אויסגאַבע באַזונדער. ביי פּעריאָדישע אויסגאַבעס ברענגען מיר אויך די ענדערונגען פון די טיטל־צייכענונגען — אויב אַזעלכע זיינען פאַראַן.

די דאָזיקע אַרבעט איז אפשר נישט אויסגעפירט לויט די אָנגענומענע כללים פון וויסנשאַפטלעכע ביבליאָגראַפיעס; זי גיט אָבער אַן אַלזייטיק בילד פון דעם אַלעם, וואָס איז אין אונדזער זאָנע געשריבן און געדרוקט געוואָרן אין די דעמאָנטע יאָרן. יעדע קלענסטע שאַפונג איז דורך אונדז נאָטירט געוואָרן: געדרוקטע דורך האַנט־ אָדער מאַשין־שריפט, העקטאָגראַפירטע אויסגאַבעס און אפילו דורך קלישעס איבערגעדרוקטע ספרים. מיר האַלטן אַז ביי אַזעלכע שווערע באַדינגונגען אין יידישן דרוק־וועזן, ווי עס איז געוועזן אין דייטשלאַנד נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה, איז יעדע מין אויסגאַבע — אין וועלכער

*) 1. ז. שייקאָווסקי — ייווא בלעטער (ניו־יאָרק), באַנד 28, נומ. 2.
2. מגר. בן־ציון פעלדשוה — ש"ה־ביבליאָגראַפיע, מיט 5 הוספות (שטוטגאַרט).
3. מרדכי קראָשניץ — „באַפרייונג" (מינכען), נר. 50, 1948.
4. „ „ — „המשך" (מינכען), יאַנואַר 1949.
5. בן־ציון היבעל — „אונדזער וועג" (מינכען), נר. 129, 1947.
6. ד"ר פיליפּ פרידמאַן — „המשך" (מינכען), אַפּריל 1948, יאַנואַר 1949.
7. „ „ — „צוקונפט" (ניו־יאָרק), פעברואַר, מערץ 1949.

פאָרם זי זאָל נישט האָבן דערשינען — אַן־און־פאַר־זיך אַ יקר המציאות, און פאַרדינט פאַרצייכנט צו ווערן אַלס וויכטיקער דאָקומענט פון דער דאָזיקער תקופה.

הגם מיר האָבן נישט געשוינט קיין צייט און מי, שטרעבנדיק, אַז די רשימה זאָל זיין אַ פולע. איז פונדעסטוועגן נישט אויסגעשלאָסן, אַז איינצלנע אויסגאַבעס זיינען דורכגעלאָזן געוואָרן; עס איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז ס'זיינען דאָך דערשינען מער אויסגאַבעס, ווי די, וועלכע מיר גיבן דאָ אָן. ס'איז אויך מעגלעך, אַז אַ טייל האָבן מיר אפשר פאַרצייכנט מיט קליינע פעלערן, אָדער נישט אָנגעגעבן די גענויע דאַטעס פון דערשיינען (ספּעציעל ביי די ספרים) א. א.וו. אָבער דאָס אַלץ האָט זיך נישט געלאָזט אויסמיידן. פאַרשיידענע טעכנישע מניעות'ן האָבן דערצו גורם געווען.

אַלע אויסגאַבעס פון דער דאָזיקער רשימה (חוץ נר. 34 און 37, ווו ס'איז אָנגעגעבן די קוועלע), האָבן מיר באַשריבן לויט די אָריגינאַלן, און אין גרעסטן טייל — פון פולע קאָמפּלעטן. דאָרט ווו עס איז געווען באַוווסט, אַז די אויסגאַבע איז נאָך ווייטער דערשינען און מ'האָט נישט געקאָנט פעסטשטעלן גענוי וויפיל נומערן — האָבן מיר אָנגעגעבן: „דערשינען נאָך עטלעכע נומערן" א.א.וו.

חוץ די קלישעס פון יעדער אויסגאַבע, גיבן מיר אויך די נעמען און אונטערקעפּלעך אין אָריגינאַל. די אונטערקעפּלעך ווערן געבראַכט אַמאָל פון דער הילע, טיילמאָל פון שער־בלאַט און ס'רוב — פון ביידע קוועלן. די באַשרייבונג גיבן מיר אין פעטיט־שריפט. אין פאַלן, ווען אונדז איז באַוווסט די נעמען פון צוזאַמענשטעלער, כאָטש זיי זיינען נישט אָנגעגעבן אין די אויסגאַבעס — ווערן זיי געבראַכט אין קלאַמערן ( ).

אין דער דאָזיקער רשימה ברענגען מיר אויך די אויסגאַבעס פון פאַרלאַג „הומאַניטאַס", וועמענס רעדאַקציע ס'געפונט זיך אין דיסלדאָרף, הגם אויף די ביכער איז אָנגעגעבן — קאָבלענץ (פראַנצ. זאָנע). מיר טוען דאָס אויך צוליב דעם, וואָס כמעט אַלע מחברים פון די דאָזיקע אויסגאַבעס, זיינען פון דער בריט. זאָנע.

צום סוף ברענגען מיר די באַשריבענע אויסגאַבעס איינגעטיילט לויט די יאָרן פון זייער דערשיינען, און אַ באַזונדערע רשימה לויטן א"ב. עס איז אויך אָנגעגעבן אַ ספּעציעלע רשימה פון מחברים, רעדאַקטאָרן און צוזאַמענשטעלער פון די אין דער דאָזיקער ביבליאָגראַפיע דערמאָנטע אויסגאַבעס. די ציפערן ביי יעדן נאָמען, איז דער סדר־נומער פון דער אויסגאַבע, ווו דער נאָמען געפונט זיך.

מיר ווילן נאָך באַמערקן, דאָס פון אָנפאַנגען דרוקן די דאָזיקע אַרבעט ביזן פאַרענדיקן איר, האָט, צוליב טעכנישע סיבות, געדויערט אַ לענגערע צייט; אַזוי, למשל, איז די באַשרייבונג וועגן „וואָכנבלאַט" (ז. זייט 25) געבליבן שטיין ביי אַ פריערדיקער דאַטע; געוויסע נאָטיצן וואָלטן נאָך געקאָנט צוגעגעבן ווערן.

בערגן־בעלזן, מאַי 1950 ב. קאָסאָווסקי

# 1. אונדזער שטימע

## צווייוואָכן־שריפט. אַרויסגעבער: יידישער קאָמיטעט אין צעללע,
## רעדאַקציע־קאָלעגיום: אָלעווסקי רפאל, טרעפּמאַן פנחס, ראָזנטאַל דוד.

נומער 1 איז דערשינען דעם 12טן יולי 1945; געדרוקט פון קלישירטער האַנט־שריפט, 2־שפּאַל־טיק, 12 זייטן 21 x 29 צמ.; נר. 2 — 15טן אויגוסט 1945, „קאָנגרעסנומער", אַרויסגעבער: צענטראַלער יידישער קאָמיטעט בערגן־בעלזן, 43 ז"ז; נר. 3 — 10טן סעפּטעמבער 1945, אָנגעהויבן צו דערשיינען אויך מיט דער יידישער דאַטע, 28 ז"ז; נר. 4 — 15 אָקטאָבער 1945, 68 ז"ז; פון נר. 4 — אין טייל נומערן -- לייט־אַרטיקלען אין דער ענגלישער שפּראַך; נר. 5 — 29טן נאָוועמבער 1945, „צוויי־וואָכנשריפט", קלישירטער מאַשין־שריפט, איינגעפירט די רובריקן: „אין ארץ־ישראל און אין דער ציוניסטישער באַוועגונג", „אין דער וועלט פון ליטעראַטור און קונסט", 32 ז"ז; נר. 6 — 1טן יאַ־נואַר 1946, „אָרגאַן פון דער שארית הפליטה אין דער ענגלישער זאָנע", צוגעקומען די רובריקן: „פון דער נאָרער וועלט", „מיר זוכן אונדזערע קרובים", 34 ז"ז; נר. 7 — 20 פעברואַר 1946, 36 ז"ז; נר. 8 — 17טן מערץ 1946, 36 ז"ז; נר. 9 — 15טן אַפּריל 1946, 50 ז"ז; נר. 10 — 24טן מאי 1946, 44 ז"ז; נר. 11 — 12 יולי 1946, „אַ יאָר אונדזער שטימע", 40 ז"ז; צום נר. 11 — „עקסטרע בײַ־לאַגע", געדרוקט, דערשינען דעם 15טן יולי 1946, צווייטער יאָרגאַנג, נעענדערט אויף: אַרויסגע־בער: „צענטראַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער בריטישער זאָנע, בערגן־בעלזן", 6 ז"ז, דרוקעריי „אונדזער שטימע"; נר. 12 — 20טן אויגוסט 1946, איינגעפירט אויך די רובריקן: „אונד־זער לעבן אין בילדער", „ספּאָרט בײַלאַגע", און „פון אונדזער לעבן", 26 ז"ז; נר. 13 — 15טן סעפּ־טעמבער 1946, 16 ז"ז, פרייז 1 מאַרק; נר. 14 — 2טן אָקטאָבער 1946, 32 ז"ז; נר. 15 — 15טן נאָ־וועמבער 1946, 36 ז"ז; נר. 16 — 15טן דעצעמבער 1946, 36 ז"ז; נר. 17 — 25טן יאַנואַר 1947, דריטער יאָרגאַנג, 32 ז"ז; נר. 18 — 1טן מערץ 1947, 52 ז"ז; פרייז 2 מאַרק; נר. 19 — 15טן אַפּריל 1947, 48 ז"ז; נר. 20 — 15טן מאי 1947, 52 ז"ז; נר. 21 — 12טן יולי 1947, „יובילעאום־אויסגאַבע" צו דער 2־יעריקער עקזיסטענץ, 70 ז"ז, (16 זייטן בילדער), פרייז 3 מאַרק; נר. 22 — 20 אויגוסט 1947, „באַריכט פון צווייטן קאָנגרעס פון די באַפרייטע יידן אין דער בריטישער זאָנע פון דייטש־לאַנד", 36 ז"ז, פרייז 2 מאַרק; נר. 23 — 14טן סעפּטעמבער 1947, 56 ז"ז, פרייז 3 מאַרק; צום נר. 23 — „עקסטרע בײַלאַגע", „געווידמעט דעם העלדישן געראַנגל פון די מעפּילים פון „עקזאָדוס 1947" אויפן דייטשישן באָדן", דערשינען דעם 23טן סעפּטעמבער 1947, 8 ז"ז (4 ז"ז בילדער), 31 x 43 צמ. פרייז 1 מאַרק; נר. 24 — דער לעצטער — איז דערשינען דעם 30 אָקטאָבער 1947, 58 ז"ז, פרייז 4 מאַרק.

אין כמעט אַלע נומערן איז דער טיטל, אונטערקעפּל. אַרויסגעבער, רעדאַקציע־קאָלעגיום און אַלע ענדערונגען, אויך געדרוקט אין יידיש מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן, אָדער אין דער ענגלישער שפּראַך; צוערשט: „Unzer Sztyme, Arojsgeber : Centraler Idiszer Komitet Bergen Belsen" שפּעטער: „Unzer Sztyme, (Our Voice) Organ of the Sharith Hapleitah in the British Zone" און צום סוף: „Our Voice, Organ of the Liberated Jews in the British Zone, c/o Central Jewish Committee, 45 D. P. A. C. S., 2512 Assembly Centre Belsen, Germany א.א.וו.

דער גרעסטער טייל צייכענונגען זיינען געוואָרן אויסגעפירט דורך ב. פרידלער, אייניקע — דורך י. נאַפּארסטעק און ל. ש. (שיין).

באַמערקונג: צו דער אָנגעגעבענער צאָל זייטן, דאַרף נאָך צו יעדן נומער ווערן צוגערעכנט 4 זייטן פון דער הילע.

### אין „אונדזער שטימע” האָבן זיך באַטייליקט (לויטן א"ב):

אָלעווסקי רפאל, אורבאַך יצחק, בימקאָ הדסה ד״ר, בערלין חיים, בראָדעצקי זעליג פּראָפ. (לאָנדאָן), נערשט לייב, גוטמאַן מאיר בער, גאָלד מרים מגר., גאָלדשמידט מאָריץ (קעלן), גאָלדשטאָף יחזקאל (ליגעבורג), גאם שמואל, דרעליכמאַן שמואל, העלפגאָט־עזריה צבי הרב ד״ר, האָלצמאַן רחל, האָראָוויטש רבקה, האָלצמאַן חנה, האָפמאַן ישראל, וואַקסמאַן מרים, וויינטרויב שמואל, וואָלהיים נאָרבערט, ווילענסקי יוסף הרב (לאָנדאָן), וויגאָדסקי יהושע, וויינגרעען י. פּראָפ. (דובלין), זשיד מאַריאַן, זרובבל (תל־אביב), זשולטי בעריש (דיסעלדאָרף), זייף לודוויק אינזש., טרעפמאַן פאול, טשאַרנעזאָן־שאַאק (חיפה), יצחקאָוו, כאָמסקי הלל, לויפער דב, לאַנדא יעקב, לובינסקי חיים פּנחס הרב (האַנאָווער), לייוויק ה. (ניו־יאָרק), ליפשיץ אברהם (האַנאָווער), לעווין הערבערט ד״ר (קעלן), לאַקעטש אָסקאַר, ליפשיץ־גרעען ר., לובלינער מ. ד״ר, לעסס יוסף (מאַרסעל), סאַנעק משה, סאמסאנאָוויטש יעקב אינזש., פעדער זאמי, פרענקעל נפתלי, פעפער יהודה, פרענקעל יוסף (לאָנדאָן), פּאָטשעבוצקי דניאל, קעמפלער שמעון (האַמבורג), קאַץ דאָלי, קוסנע־באָרים מגר. (ליבעק), ראָזנטאַל דוד, ראָזנזאַפט יוסף, ראָזנפעלד אברהם, ראלסקי מאשע, ראַוויטש מלך (מאָנטרעאַל), ראַסין יעקב, שענטאַל רחל, שוואַרץ טוביה, שוואַרץ יאַמעס, שנור זלאטע, שאפירא שלמה ד״ר (בראַנשווייג־תל־אביב), שטריגלער מרדכי (פּאַריז) און אַנדערע.

---

## 2. SHĀRIT HA-PLĀTAH

BERGEN-BELSEN, VOLUME I
1945 – Central Jewish Committee
Bergen-Belsen

**SHĀRIT HA-PLĀTAH**

**BERGEN-BELSEN**

**VOLUME I**
**1945**

אַ רשימה לויטן א״ב (מיט אַ דערגענצונג צום סוף), אין לאַטייניש׳ער שריפט, פון קרוב צען טויזנט נעמען, מיט די געבורטס־דאַטעס און אָרט, פון איבערלעבנדיקע יידן אין לאַגער בערגן־בעלזן; אויך אַ פאָרוואָרט אין ענגליש און אין יידיש מיט לאַטייניש׳ע אותיות, פאַרזען מיט פאַרשיידענע אָנווייזונגען אין ענגליש און דייטש. אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אין בערגן־בעלזן, דעם 7טן סעפטעמבער 1945, 2־שפּאַלטיק, 59 זייטן, ווי אויך 6 ז״ז הקדמה א. א. וו. און הילע, 30x21 צמ.

# 3. יידישער העפטלינגס־קאָנגרעס אין בערגן־בעלזן

**אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אין בערגן־בעלזן, רעדאַ־גירט דורך: רפאל אָלעווסקי, פּאול טרעפּמאַן און דוד ראָזנטאַל.**

באַריכט פונ׳ם ערשטן שארית־הפליטה־קאָנ־גרעס, וועלכער איז פאָרגעקומען אין בערגן־בעלזן, אין די טעג פון 25—27טן סעפּטעמבער 1945, ווי אויך די אָנגענומענע רעזאָלוציעס; אילוסטרירט מיט אייניקע בילדער פון דאָזיקן קאָנגרעס; געדרוקט פון קלישירטער מאַשין־שריפט, 1־שפּאַלטיק, 17 זייטן און הילע (געצייכנט פון ב. פּ.), 30x21 צמ.

---

# 4. ביולעטין

פון יידישן צענטראַל קאָמיטעט אין בערגן־בעלזן. דערשיינט 2 מאָל וועכנטלעך. רעדאַגירט פון סאַממי פעדער און שמואל וויינטרויב.

ביולעטין
פון יידישן צענטראל קאמיטעט אין בערגען-בעלזן.
דערשיינט 2 מאל וועכנטליך.
רעדאגירט פון סאמי פעדער און שמואל וויינטרויב.
דעם 30-טן אקטאבער 1945 נומער 1.

BULLETIN
of the
Jewish Central Committee
issued twice weekly.
edited by
Sammi Feder and Samuel Weintraub.

אינפאָרמאַציעס פון דער וועלט, פון ארץ־ישראל און פון דייטשלאַנד. נר. 1 איז דערשינען דעם 30טן אָקטאָבער 1945, 3 העקטאָגראַפירטע בלעטלעך, 30x21 צמ.; נר. 2 — 5טן נאָוועמבער 1945, א. א. ו. דערשינען ס״ה 8 נומערן צו 2—3 בלעטלעך. די ערשטע 3 נומערן — אויך אין דער אונגאַרישער איבערזעצונג; דער טיטל און אונ־טערקעפּל — אויך אין ענגליש.




## 5. זאַמלונג פון קאַצעט און געטאָ לידער

**געזאַמלט פון זאמי פעדער, אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אין בערגן־בעלזן, מיט דער רעד. מיטהילף פון: פ. טרעפּמאַן און ד. ראָזנטאַל**

13 געטאָ־ און 19 קאַצעט־לידער פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע מחברים; דער גרעסטער טייל — מיט נאָטן, אָנגעשריבן דורך בעבי ווידוטשינסקי און בערל פרידלער; אילוסטרירט מיט קינסטלערישע צייכענונגען פון י. נאַפּאַרסטעק און ר. קאַלמאַן, ווי אויך פאַרשיידענע פאָטאָ־בילדער. דער פאָרוואָרט פון זאַמי פעדער איז פאַרזען מיט דער דאַטע פון יאַנואַר 1946; דער טיטל, אונטערקעפּל און אַ באַזונדערער פאָרוואָרט — אויך אין ענגליש; געדרוקט פון קלישירטער מאַשין־שריפט, 1־שפּאַלטיק, 44 זייטן און אַ פּילפּאַרביקע הילע פון י. נאַפּאַרסטעק, 30x21 צמ.

---

## 6. TAMUS-BULLETIN

**CENTRAL-COMMITTEE of the Liberated Jews in the British Zone, Bergen-Belsen KULTUR-ABTEILUNG**

CENTRAL-COMMITTEE
of the Liberated Jews in the British Zone
BERGEN-BELSEN
6-S ECD. Gov. Det. B. A. O. R. Tel. 251, 378
Kultur-Abteilung

TAMUS-BULLETIN
1946 Juli 8 Bergen-Belsen

An alle Jüdischen Komitees und Gemeindeverwaltungen.

Die Kulturabteilung des Jüdischen-Central-Komitees hat beschlossen, monatliche Tagberichte herauszugeben.

Die Tagberichte enthalten alle in diesen Monat fallenden religiösen und nationalen Feiertage sowie Gedenktage aller führenden jüdischen Persönlichkeiten, die für das jüdische Volk und seine Kultur gewirkt haben.

Die örtlichen Komitees und Gemeindeverwaltungen übernehmen die Aufgabe, an diesen Tagen Gedenkfeiern und Vorlesungen zu veranstalten mit dem Zweck, die Gemeindemitglieder, insbesondere die jüdische Jugend, zu unterrichten und im Geiste der nationalen Kämpfer und Wortführer unserer reichen Vergangenheit zu entwickeln.

Wir bitten, uns über die durchgeführten Veranstaltungen laufend Bericht zu erstatten.

| Leiter | Sekretär | Referent |
|---|---|---|
| Sammy Feder | Rafael Olewski | Abram Rosenfeld |

מאָנאַטשריפט, אָפּהאַנדלונגען איבער רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע ימים־טובים, וועגן פירנדיקע יידישע פערזענלעכקייטן און וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן פון לויפנדיקן חודש, אין דער דייטשישער שפּראַך; אַרויסגעגעבן אין בערגן־בעלזן דורך דער קולטור־אָפּטיילונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין דער בריטישער זאָנע (רעדאַגירט דורך אברהם ראָזנפעלד). 1טע אויסגאַבע איז דערשינען דעם 8טן יולי 1946, 1־שפּאַלטיק, 4 זייטן, 21x15 צמ.; 2טע — Ab-Bulletin — 1טן אויגוסט 1946, 4 ז״ז, 31x22 צמ.; 3טע — Elul-Bulletin — 27טן אויגוסט 1946, 11 ז״ז, 21x15 צמ.; 4טע — Bulletin für den Monat Tischrei 5707 — סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1946, 16 ז״ז; 5טע און לעצטע אויסגאַבע — Bulletin für den Monat Cheschwan-Kislew — נאָוועמבער־דעצעמבער 1946, 17 ז״ז.

## 7. קונטרס תקנות עגונות

...כמה אופני היתר לעגונות שנשארו ע״י המלחמה ומחנות השמדה וגעטאָ וערכתי הדברים להלכה ולא למעשה... הצעיר צבי הירש מייזלש. אב״ד בערגן בעלזן ורב הראשי באיזור הבריטי


קונטרס
תקנות עגונות

אַ קונטרס פון שאלות ותשובות וועגן תקנות עגונות, מיט אַ ווענדונג צו די רבנים מברר צו זיין דעם אָנגעווייטיקטן אַקטועלן ענין פון מתיר זיין עגונות. געדרוקט 2־שפּאַלטיק, 38 זייטן און הילע, 29x21 צמ.

---

## 8. לעבעדיק עמך...

### אַ זאַמלונג לידער פון ר. ליפּשיץ־גרעען

א זאמלונג לידער פון

ר. ליפשיץ—גרעען

לעבעדיק עמך...

בערגן־בעלזן – 1946

18 פאַרשיירענע לידער, פון זיי אַ טייל — סאטירישע און אַקטואליזירטע; אייניקע — לויט רוסישע און אַנדערע מאָטיוון; דער טעקסט פון דער הילע — אויך אין יידיש מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן. אַרויסגעגעבן אין בערגן־בעלזן, 1946, 1־שפּאַלטיק, 32 זייטן און הילע, 15x11 צמ.

# 9. צום זיג

צום זיג

איינמאָליקע אויסגאַבע

אַרויסגעגעבן דורך דער פאַראייניקטער ציונ.־רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין דער ענגלישער זאָנע פון דייטשלאַנד

בערגן-בעלזן ~ סעפּטעמבער 1946

**הבעת תודה**



איינמאָליקע אויסגאַבע. אַרויסגעגעבן דורך דער פאַראייניקטער ציונ.־רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין דער ענגלישער זאָנע פון דייטשלאַנד. בערגן־בעלזן, סעפּטעמבער 1946.

פּאַרטייאישע אַרטיקלען, אַקטועלע פּראָבלעמען און פּראָפּאַגאַנדע־נאָטיצן צום 22טן ציונ. קאָנגרעס; פּאַרזען מיט די בילדער פון ז. זשאַבאָטינסקי, ד״ר ב. ז. הערצל, ד״ר מ. נאָרדוי, י. טרומפּעלדאָר, ש. בן־יוסף, י. גלאַזמאַן און מ. גראָסמאַן, ווי אויך פיל בילדער פון פּאַרטייאישן לעבן אין בערגן־בעלזן. רעדאַגירט דורך י. קאָוואַלסקי; די צייכענונגען — אויסגעפירט דורך ב. קאָסאָווסקי. געדרוקט פון קלישירטער מאַשין־שריפט, 1־שפּאַלטיק, 78 זייטן און הילע, 30x21 צמ.

פון די ש״ה־מחברים האָבן זיך באַטייליקט (לויטן א״ב): באַלקין ד., בערנשטיין מ. הרב, בלום ד., דרעליכמאַן ש., האַלפּערין מ., טייכער צ.מ. מגר., סציזאָריק א., קאַפּלאַן ז., קערבל י. און אנד.

# 10. דער אמת

דער אמת

איינמאַליקע אויסגאַבע

ארויסגעגעבן דורך דער פאראייניקטער ציוניסטיש-רעוויזיאניסטישער באוועגונג אין דער ענגלישער זאנע פון דייטשלאנד

בערגן-בעלזן — דעצעמבער 1946

איינמאָליקע אויסגאַבע. ארויסגעגעבן דורך דער פאַראייניקטער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין דער ענגלישער זאָנע פון דייטשלאַנד. בערגן־בעלזן, דעצעמבער 1946.

אַרטיקלען וועגן חנוכה, אָפּקלאַנגען פון די וואַלן צום 22טן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווי אויך אַ באַריכט און איינדרוקן פון דער ערשטער לאַנדעס־קאָנפערענץ פון ברית הצה״ר אין דער בריטישער זאָנע, מיט די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, אילוסטרירט מיט איינציקע בילדער פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ; (רעדאַגירט דורך י. קערבל און ב. קאָסאָווסקי; די צייכענונגען — אויסגעפירט דורכן לעצטן). געדרוקט פון קליש. מאַשין־שריפט, 1־שפּאַלטיק, 16 זייטן,30x21 צמ.




## 11. אונדזער חורבן אין בילד

געזאַמלט און רעדאַגירט דורך: רפאל אָלעווסקי, פאול טרעפּמאַן, דוד ראָזנטאַל.
אַרויסגעגעבער: צענטראַל קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין דער בריטישער זאָנע.
פאַרלאַג: „אונדזער שטימע", בערגן־בעלזן, דעצעמבער 1946.

זאַמלונג פון 115 בילדער, וואָס שטעלן פאָר די שרעקלעכע איבערלעבענישן און אומקום פון די יידן אונטערן נאַצי־רעזשים אין פאָלגנדיקע שטעט, געטאָס און קאָנצ.־לאַגערן: לאָדזש, בענדין, וואַרשע, פּיאָטרקאָוו קוי., וולאָצלאַוועק, קוטנע, מינסק מאַז., גערליץ (פּוילן), אָלדענבורג, בערגן־בעלזן (דייטשלאַנד), ווילנע (רוסלאַנד) און אין פאַרשיידענע אַנדערע ערטער. דער פאָרוואָרט און די דערקלערונגען צו די בילדער זיינען אין יידיש, העברעאיש, ענגליש און דייטש; די הילע — געצייכנט דורך י. נאַפּאַרסטעק; געדרוקט אויף איין זייט פון קאַרטאָן, געבונדן, 38x31 צמ.

Jüdisches Zentral-Komitee
der
befreiten Juden
in der britischen Zone
BERGEN-BELSEN

**KULTUR - ABTEILUNG**

Tejwejt 5707 — Dez.-Jan. 1946/47

## MONATSHEFT

**Tejwejt.**

Tejwejt, der vierte Monat des jüdischen Kalenderjahres, dagegen der zehnte Monat, wenn man den Nissan als ersten rechnet. Er zählt immer nur 29 Tage. In diesen Monat fallen einige wichtige Ereignisse der jüdischen Geschichte, von denen der Fasttag „Assarah b'tejwejt" (der zehnte Tag des Monats Tejwejt) der wichtigste ist. An diesem Tage hat die Belagerung der Stadt Jerusalem durch das Heer Nebudkanezar des Königs von Babylon, begonnen

## 12. MONATSHEFT

JÜDISCHES ZENTRAL-KOMITEE der befreiten Juden in der Britischer Zone, Bergen-Belsen KULTUR-ABTEILUNG

פאָרטזעצונג פון „BULLETIN" (ז. נר. 6); (רעדאַגירט דורך אינזש. ל. זייף); — 1טע אויסגאַבע — טבת 5707, 15 זייטן. 21x15 צמ.; 2טע — שבט 5707, 12 ז״ז; 3טע — אדר 5707, 20 ז״ז; 4טע אויסגאַבע — ניסן 5707. 10 ז״ז; 5טע — אייר 5707, 8 ז״ז; 6טע — סיון 5707, 11 ז״ז; 7טע — תמוז 5707, צווייטער יאָרגאַנג, 27 ז״ז; 8טע — אב־אלול 5707, 27 ז״ז; 9טע און לעצטע אויסגאַבע — תשרי 5707 (? — 5708), 11 ז״ז.

---

## .13 „שטיל ווי אין רייוויץ ..."

### (אויפן חורבן פון מיין היים)

**אַרויסגעגעבן צום 5טן יאָרצייט פון דער גרעסטער יידן־אַקציע אין שטעטל רייוויץ. געזאַמלט לויט גביות עדות און צוזאַמענגעשטעלט דורך שמואל דרעליכמאַן.**




געשיכטע פון אומקום און געראַנגל פון די רייוויצער יידן בעת דער היטלעריסטישער ממשלה, פאַרזען מיט אַ פאָרוואָרט און מיט איינציקע חורבן־לידער פון מחבר; אילוסטרירט מיט פאַרשיידענע בילדער. דערשינען אין בערגן־בעלזן, ניסן תש״ז. געדרוקט פון קלישירטער מאַשין־שריפט, 1־שפאַלטיק, 46 זייטן און הילע, 21x15 צמ.

אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני

אונדזער פראָנט

די באַוועגונג אין דער בריט. זאָנע בלייבט טריי דעם הצה״ר

# 14. אונזער פראָנט

**איינמאָליקע אויסגאַבע. אַרויסגעגעבן דורך דער פאַראייניקטער ציונ.־רעוויזיאָניסט. באַוועגונג אין דער ענגלישער זאָנע פון דייטשלאַנד. בערגן־בעלזן, טבת־אדר התש״ז**

פאַרטייאישע אַרטיקלען, נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען וועגן הערצל, נאָרדוי, זשאַבאָטינסקי, טרומ־פעלדאָר און אַנד., ווי אויך אַ סעריע בילדער אין שייכות מיטן 25־יעריקן יובל פון בית״ר און צו דער 1־יעריקער עקזיסטענץ פון דער באַוועגונג אין בעלזן (רעדאַגירט דורך י. קערבל און ב. קאָ־סאָווסקי; די צייכענונגען — אויסגעפירט דורכן לעצטן). געדרוקט פון קלישירטער מאַשין־שריפט, 1־שפּאַלטיק, 48 זייטן און הילע, 30x21 צמ. נאָך אַ לענגערן איבעררייס — דערשינען אין דרוק אַלס „צייטשריפט״ מיט יידישע נייעס, אַרטיקלען איבער אַקטועלע פּראָבלעמען א. א. וו.; געענדערט אויף: „אונדזער פראָנט, אַרויסגעגעבן דורכן מרכז פון דער ציונ.־רעוויז. באַוועגונג אין דער בריט. זאָנע פון דייטשלאַנד״ (רעדאַגירט דורך ב. קאָסאָווסקי, ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון א. שאַדזונסקי). נר. 1 (4) דערשינען אין תמוז תש״ח — געווידמעט די יאָרצייטן פון ש. בן־יוסף, הערצל, ביאַליק און זשאַבאָטינסקי, 1־שפּאַלטיק, 32 זייטן און הילע, פרייז 1 מארק; נר. 3 (6) — ער״ה תש״ט — געענדערט אויף: „נאַציאָנאַלע צווייוואָכנשריפט״, 24 ז״ז, פרייז 50 פעניג; נר. 6 (9) — כסלו תש״ט (חנוכה־נומער) — געענדערט דעם אונטערקעפּל אויף: „אָרגאַן פון דער ציונ.־רעוויז. באַ־וועגונג״ א.א.וו., 24 ז״ז; נר. 8 (11) — לעצטער — שבט תש״ט, 16 ז״ז. דערשינען כסדר מיט די רובריקן: „אין און אַרום אונדזער לאַנד״, „לייענט, וואָס אַנדערע שרייבן״, „אין דער באַוועגונג״; פאַרבייגייענדיק״, „שפּילקעס״, „אינטערעסאַנטער ווינקל״, „שאַרפזין און פאַרווײלונגס־ווינקל״, „בעלזענער כראָניק״ א.א.וו.

פון די ש״ה־שרייבער האָבן זיך באַטייליקט (לויטן א״ב):

בערנשטיין מ. הרב, בעקער א. הרב, בן־אוני א., דרעליכמאַן ש., האַלפּערין מ., ווילנער א., לע־ווינסאָן י., פּריש י., קערבל י., קאָסאָווסקי ב., קאַנטאָר צ. ד״ר, קאָר ש., קאָגוט י., שאַדזונסקי א. און אַנד.

JÜDISCHES GEMEINDEBLATT
FÜR DIE NORD-RHEINPROVINZ UND WESTFALEN
NUMMER 1 — 15. APRIL 1946 — 1. JAHRGANG
ZUM GELEIT
EINZELPREIS 40 PFENNIG

…CHES GEMEINDEBLAT…
…E BRITISCHE ZONE
27. NOV… 1946 — 1. JAHRGANG
…en Juden



Jüdisches Gemeindeblatt
für die britische Zone
10. DEZEMBER 1946 — 1. JAHRGANG
…edächtnis oder…?

Die UNO zur Palästinafrage

JÜDISCHES GEMEINDEBLATT
FÜR DIE BRITISCHE ZONE
JÜDISCHE POLITIK / KULTUR
FRAGEN DER WIEDERGUTMACHUNG
STIMMEN DER LESER



AUS DEM JÜDISCHEN LEBEN
NEUES AUS DER JÜDISCHEN…
WAS DIE…
GESCHÄFTSSTELLE DES JÜDISCHEN GEMEINDEBLATTES, REDAKTION UND EXPEDITION…
NUMMER 18
KARL MARX:

Jüdisches
GEMEINDEBLATT
wöchentlich
DIE ZEITUNG DER JUDEN IN DEUTSCHLAND
DÜSSELDORF, 17. SEPTEMBER 1948
EINZELPREIS 30 PFENNIG
…Geiste
Aus dem Inhalt:

Jüdisches
GEMEINDEBLATT

ALLGEMEINE
WOCHENZEITUNG DER JUDEN IN DEUTSCHLAND
DÜSSELDORF
Unser ewiges Jerusalem

שבועון יהודי כללי
ALLGEMEINE
WOCHENZEITUNG DER JUDEN IN DEUTSCHLAND

## 15. JÜDISCHES GEMEINDEBLATT

### FÜR DIE NORD-RHEINPROVINZ UND WESTFALEN

יידישע צווייוואָכנשריפט אין דער דייטשישער שפּראַך; אַרויסגעגעבער און פאַרן אינהאַלט פאַר־
אַנטוואָרטלעך: האַנס פריי, דיסלדאָרף. נר. 1 איז דערשינען דעם 15טן אַפּריל 1946, 2־שפּאַלטיק,
4 זייטן, 28x21 צמ. פון נר. 16 — ד. 27טן נאָוועמבער 1946 — געענדערט דעם אונטערקעפּל
אויף: Für die britische Zone מיטן נר. 1 פון צווייטן יאָרגאַנג — 15 אַפּריל 1947 — דערשינען
3־שפּאַלטיק, אין אַ גרעסערן פאָרמאַט (47x32 צמ.) און צו מער זייטן. פון אָנהויב סעפּטעמבער 1948
— דערשינען וועכנטלעך, 4־שפּאַלטיק, מיטן אונטערקעפּל: Die Zeitung der Juden in Deutschland
מיטן נר. 1 פון 4טן יאָרגאַנג — 15 אַפּריל 1949 — געענדערט דעם קאָפּ אויף: „Allgemeine"
און דאָס אונטערקעפּל: Die Wochenzeitung der Juden in Deutschland אַרויסגעגעבער און
שעף־רעדאַקטאָר — קאַרל מאַרקס, רעדאַקטאָר — היינץ קאופמאַן, געהילפס־רעדאַקטאָר — וואָלף־
גאַנג גאָלדען: דערשיינט אין 4 אויפלאַגעס: 1טע — הויפּט־אויסגאַבע, 2טע — אויסגאַבע פאַר בייערן,
3טע — פאַר בערלין און 4טע — פאַר ישראל: פון 1טן יאַנואַר 1950 דערשיינט די ישראל־אויפלאַ־
גע מיט אַ ספּעציעלן קאָפּ אין העברעיש — „שבועון יהודי כללי"; דערשיינט מיט בילדער, אָפּט —
גאַנצע זייטן; פון צייט צו צייט — עקסטרע אויסגאַבעס; וועכנטלעך — 16 זייטן, טיילמאָל — ביז
24 ז"ז; טיראַזש — 40—45 טויזנט עקז.; פאַרטרעטער — אין 24 לענדער. דערשיינט נאָך ווייטער.

אין דער „אַלגעמיינע" באַטייליקן זיך (לויטן א"ב):

אויערבאַך פ. ד"ר — מינכען, אַראָנספעלד צ. — לאָנדאָן, אַלעקסאַנדער אל. — פּאַריז, באַש
ק. ד"ר, באַרטהאָלד ע. ד"ר — וואַטענשייד, בלוי ב. ד"ר — ניו־יאָרק, בראָך י. ראַבינער, ברעסלאוער
וו. ד"ר — לאָנדאָן, בן־חורין ש. — ירושלים, בערגעס ג. — שטאָקהאָלם, באַלל־זינגער ל. — תל־
אביב, ברוסטאָ מ. — פּאַריז, בערענדזאָן וו. א. פּראָפ. — שטאָקהאָלם, גיאָרדאַנאָ ר. — האַמ־
בורג, גראָסהוט פ. ס. ד"ר — שטאָקהאָלם, גאָלדשטיין ה. — ירושלים, גינזבורגער ג. — הערנע,
דאַווידזאָן מ. — לאָנדאָן, דייוויס ע. — ירושלים, האַמבורגער ק. ד"ר — געטעבורג, האָראָדיש אַ.
— אַמסטערדאַם, וואָלהיים נ. — ליבעק, וואַן־דאַם ה. ג. ד"ר — האַמבורג, וויינבערג אַ. ד"ר — דיסל־
דאָרף, ווייל ב. ד"ר — ניו־יאָרק, ווילהעלם ק. ד"ר ראַבינער — שטאָקהאָלם, וועלטמאַן ל. ד"ר —
לאָנדאָן, וועלמש ר. — לאָנדאָן, וויללען א. — האַמבורג, ווייערמאַן ז. — סטאַרגבערג, זאַקס ג. —
שטאָקהאָלם, זאַלצבערג, מ. ד"ר — האַמבורג, זיידל ק. ה. ד"ר — אָפנבאַך, יאָסעף ל. ה. — מינ־
כען, לעווי ה. — בערלין, לינץ ע. — ירושלים, לעווענטאל ע. ג. ד"ר, לאנדרי ב. ד"ר, ליסאוער פ. —
קאָפּענהאַגען, לעמלע ה. ד"ר ראַבינער — ריאָ־דע־זשאַנעיראָ, לאַנדאו ע. ד"ר — ניו־יאָרק, מאַרקס
ק., מילער ק. ג., נעשוסטאַן־קופּערבערג א. ד"ר — ירושלים, נאַטמאַן ה. ד"ר — פירט, סוואַרסענסקי
ה. ד"ר — בוענאָס־איירעס, עבנער מ. ד"ר — תל־אביב, עשעלבאַכער מ. ד"ר ראַבינער, פרענקעל י.
— לאָנדאָן, פרידען ה. — לאָנדאָן, פייט ר. ד"ר — מאַנהיים, פעס (פּאול מאַרקוס) — לאָנדאָן,
פעלץ ר. — ניו־יאָרק, פישער א. י. — לאָנדאָן, פעראָטי ב. ד"ר — גענף, קיסגער י. — חיפה,
קארגער מ., קלעי ה. — גענף, קאָן ע. פּראָפ. ד"ר — לאָנדאָן, קייסער־בליט ק. — פּאַריז, קאָגען
א. — לאָנדאָן, קראוזע ג. — האַמבורג, ראָזנשטאָק, וו. — לאָנדאָן, רייכענבאַך ב. — לאָנדאָן,
ראָטשילד ל. ד"ר ראַבינער — סט. גאַלען, שיינפעלד פ. — אַמסטערדאַם, שענלאנק ק. — וואַדוד
ליכטענשטיין, שטיין־לאַנדעסמאַן א. — בערלין, זיפער ב. — ראַדעוואָרמוואַלד, שוואַרצשילד ד"ר ראַ־
בינער — בערלין, שפּיץ ג. — מינכען און אַנד.




# 16. צענטראַל קאָמיטעט

## פון די באַפרייטע יידן אין דער בריטישער זאָנע. 1947 — 1945

טעטיקייטס־באַריכט פון צ. ק. (סעפּטעמבער 1945 — יולי 1947), אַרויסגעגעבן צום 2טן קאָנגרעס פון דער שארית הפליטה אין דער בריטישער זאָנע, פאַרזען מיט אַ פאָרוואָרט און מיט אַן עמבלעם פון דאָזיקן קאָנגרעס — געצייכנט פון ל. שיין. אַנטהאַלט פרטים און ציפערן פון דער צ. ק.־טעטיקייט און פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען, ווי: קולטור, ראַבינאַט, געזונטהייטס־וועזן א. א. וו.; אין באַריכט ווערט אויך דערמאָנט די אַרבעט פון „דזשאָינט", „רעליף" און יידישער אַגענץ אין דער בריטישער זאָנע, פאַר דער דאָזיקער צייט. געדרוקט 1־שפּאַלטיק, 64 זייטן און הילע. 21x15 צמ.

# 17. CENTRLAL COMMITTEE

## OF LIBERATED JEWS IN THE BRITISTH ZONE OF GERMANY 1945 — 1947




טעטיקייטס־באַריכט פון צ. ק. (ז. אויבן נר. 16) — אַ מער אויספירלעכער — אין דער ענגלישער און דייטשישער שפּראַך, דערגענצט מיט באַריכטן פון „היאס" און „אָרט" אין דער בריטישער זאָנע, ווי אויך אַ רשימה פון די געמיינדעס און קאָמיטעטן אין דער דאָזיקער זאָנע; 1־שפּאַלטיק, 102 זייטן און הילע, 21x15 צמ.

# .18 יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע אין געטינגען

## ביי דער צענטראַלער היסטאָרי־שער קאָמיסיע אין בערגן־בעלזן.

יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע
אין געטינגען
ביי דער
צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע
אין בערגן-בעלזן
JÜD. HISTORISCHE KOMISSION
GÖTTINGEN WEENDER LANDSTRASSE 6

נומער 1 —. דערשינען דעם 20טן יולי 1947 (5707) — אַנטהאַלט אַ ריי בילדער פון יידן אין געטינגען, „אַמאָל און היינט", אייניקע דאָקו־מענטן פון דער היטלער־תקופה א.א.וו. די איבער־שריפטן זיינען אין יידיש און אין דייטש; 8 זייטן, 15x20 צמ.; נומער 2 — לעצטער, 20טן אויגוסט 1947 — מיט אַ רשימה פון איבער 80 יידישע פראָפעסאָרן און דאָצענטן פון דער געאָרג־אויגוסט אוניווערזיטעט געטינגען, פון די לעצטע קרוב הונדערט יאָר. געדרוקט אין דייטש, 1־שפּאַלטיק 4 זייטן.

---

# .19 אינפאָרמאַציע־ביולעטין

## ברית הציונים־הרביזיונים המאוחדת בגרמניה, המרכז לאיזור הבריטי.

ברית הציונים-הרביזיונים המאוחדת בגרמניה
המרכז לאיזור הבריטי
אינפארמאציע-ביולעטין
נומער 1
בעקן-בעלזן יולי 1947
אויף דער וואך

נומער 1 — (רעדאַגירט דורך אַ. שאַדזונסקי) — אַרויסגעגעבן אין בערגן־בעלזן אין יולי 1947, העקטאָגראַפירט (בלויז דער קאָפּ — געדרוקט), 1־שפּאַלטיק, 8 זייטן, 30x21 צמ.; נר. 2 — אויגוסט 1947, 6 ז״ז; נר. 3 — סעפּטעמבער 1947, 8 ז״ז; נאָך אַ לענגערן איבעררייס — ווידער באַנייט געוואָרן; נר. 1 — (רעדאַגירט דורך י. קאָגוט) — דערשינען אָנהויב דעצעמבער 1948, 4 בלעטלעך; נר. 2 — 15טן דעצעמבער 1948 — 3 בלעטלעך און נאָך אייניקע נומערן צו 2—4 בלעטלעך.

